גאנצע אכט אונ זעכציק טעג,
געיאָגט אונ טאקע מיכ דעריאָגט.
ווענ סע זאָל ניט זײַנ, אשטייגער,
אפ דער וועלט קיינ בריוונטרעגער,
וואָלט געווענ דאָכ זייער שלעכט!
עפשר בינ איכ ניט גערעכט?

שרײַענ קינדער אפ א קאָל,
אלע, אלע מיטאמאָל:
— א לויב צו אלע בריוונטרעגער
פונ דער גאנצער גאָרער וועלט!
זיי ארבעטנ געטרײַ קעסיידער
אי אינ היצנ, אי אינ קעלט.

לעבנ זאָלנ בריוונטרעגער
פונ דער גאנצער גאָרער וועלט!






לויפט־צו לויפער גיכ אונ פלינק,
גיט פאר סימכע אזש א שפרונג.
אָט א וווּנדער איבער ווונדער!

זאָגט־זשע איר אליינ שוינ, קינדער,
ווו׳ז די בריוו ניט אויסגעוועננ?
וואָס האָט זי ניט אויסגעזענ?

אלצ געיאָגט, געיאָגט,־געיאָגט,
איבער פעלדער,
איבער וועלדער,
איבער יאמענ,
אָקעאנענ,
איבער וועג
אונ איבער שטעג,

און פאַרנאַכט,
אזײגער אכט
אפ דער שיפ איז א גערודער,
און א טומל
ביזנ הימל —

עקסטרע בריוו איז דאָ שוינ ווידער.
פאָרט די בריוו
אָט־איצט קײנ קיִעוו
איבער יאמ און אָקעאנ
און מיט דער שיפ און מיט דער באנ.




— דעמ צענטנ מײַ,
אזײגער דרײַ,
איך הער: מע קלאַפּט צו מיר אינ טיר.
ווער־זשע קלאַפּט עס דאָרט צו מיר?
סע איז דאָך ער,
איך ווייס שוינ ווער, —

קלאַפּנ דאַרפ ער,
קלאַפּנ מעג ער:
דאָס איז אונדזער בריוונטרעגער.
— עקסטרע בריוו פונ שטאָט פּאָלטאַווע
לויפערנ פונ זײַנס א כאַווער.

אינ ווײַטנ לאנד בראזיליע
ברענט די זונ, איז הייס,
שפאנט זיכ דאָנ־באזיליאָ,
סע רינט פונ אימ דער שווייס.



גייט אומ דאָנ באזיליאָ
אונ זוכט שוינ פינעפ שאָ—
אינעמ לאנד בראזיליע
איז לויפער שוינ נישטאָ.

ער טראָגט אינ האנט אנ עקסטרע בריוו
מיט שטעמפלענ אָנ אנ עק,—
צוריק קיינ קיִעוו מיט דער שיפ
איז לויפער הײַנט אוועק.



טראָגט א היטל א פּאָטשטאָוונ,
א קאָסטיומ א טונקל־גראָוונ.
זוכט ער טייקעפּ אָפּ דעמ נומער
פונעמ הויז אונ פונעמ צימער,
נעמט ארויס די בריוו פונ פּעקל,
קוועטשט די קנאָפּקע פונעמ גלעקל:
— עקסטרע בריוו פונ שטאָט פּאָלטאווע
בערל לויפּער פונ זײַנ כאווער.
— בערל, זאָגט איר, איז זײַנ נאָמענ?
לויפּער — די פאמיליע?
ער איז נעכטנ אָפּגעשווומענ
אינעמ לאנד בראזיליע.






מענטשנ גייענ, לויפנ, שמייַענ,
ריידנ, פילדערנ אונ שרייַענ.
אווטאָבוסנ אונ טראמווייַענ,.
איינע יאָגנ נאָכ די צווייטע
אפ די גאסנ אפ די ברייטע
אונ פארדרייטע.
פליט אונ פליט אפ באָבקינ־סטריט
אינ אווטאָבוס מיסטער סמיט.
קוקט א ווייַלע אפנ זייגער

מיסטער סמיט, דער בריוונטרעגער,
נאָכדעמ זאָגט ער
צומ קאָנדוקטער:
— שוינ פארשפעטיקט אפ א שאָ,
איכ מוז אראָפגיינ אָט־אדאָ.
שטעלט מענ דעמ אווטאָבוס אָפ.
בריוונטרעגער קריכט אראָפ.
בריוונטרעגער, מיסטער סמיט,
שפאנט אפגיכ אפ באָבקינ־סטריט.

בריוונטרעגער, שוין א מידער,
ווארפט די בריוו אין קאסטן ווידער.
האָט קיין דייַגעס ניט די בריוו:
מיטן באן, צי מיט דער שיף,
אעראָפּלאן, צי פערד און וואָגן,—

לויפערן וועט זי דעריאָגן.
פאָרט זי וויַיטער נעכט און טעג,
דארף ניט גאָרניט אפן וועג,
טראכטן דארף זי ניט קייַן סאך,
ווייסן ווייסט זי נאָר איין זאך:

ענגלאנד. עקסטרע.
שטאָט מאנטשעסטער.
צוואנציק זעקסטע
באָבקינ־סטריט.








וועמענ זוכט עס דאָרט, אשטייגער,
אינ בערלינ דער בריוונטרעגער?
בלישטשענ קנעפּ אפּ גרינעמ־רעקל,
טראָגט ער בריוו א גאנצנ פּעקל,
אונ די עקסטרע בריוו באזונדער,
פרעגט בא גרויסע, פרעגט בא קינדער:
— ווו איז דאָ האָטעל
מארסעל
צימער נײַנ?
— קומט ארײַנ!
— אנ עקסטרע בריוו פונ שטאָט פּאָלטאווע
לויפערנ פונ זײַנס א כאווער.
— לויפער איז ניטאָ שוינ הי.
— ווו־זשע איז דער בירגער, ווו?
— אוועקגעפאָרנ הײַנט גאנצפרי,
קײַנ ענגלאנד, אינ דער שטאָט מאנטשעסטער
מיט אנ איניענ פונ די טרעסטנ,
פונ די גרעסטע.

לויפט דער באַן, און רעדער קלאַפּן:
טיק־טיק־טאַק און טיק־טיק־טאַק,
מיר פירן בריוו אַ גאַנצן פּאַק,
און טיק־טיק־טאַק און טיק־טיק־טאַק,
און גאַנצע פּעק,

און גאַנצע זעק,
און זעק און זעקלעך,
בריוו און פּעקלעך,
קאַרטלעך, צײַטונגען, פּאַקעטן.
לאַכן מיר פון ווינט און שפּעטן:



— וועט אַ צענטן שוין פאַרזאָגן,
אַז מע זאָל נאָך אונדז ניט יאָגן.
אין וואַגאָן
אויבן־אָן
זיצן בריווטרעגער פירען,
קלײַבן, שטעמפּלען און סאָרטירן
בריוו—אַהער און בריוו—אַהין,
און באַזונדער—קײַן בערלין
די עקסטרע בריוו פון שטאָט פּאָלטאַווע
ליפערן פון זײַנס אַ כאַווער.











עפֿן איך
די טיר אפֿגיך:
— אַן עקסטרע בריוו אַזש פֿון פּאָלטאַווע
לויפֿערן פֿון זײַנס א כאַווער.
— לויפֿער איז ניטאָ שוין הי.
— ווו־זשע איז דער בירגער, ווו?
— אַוועקגעפֿלויגן הײַנט גאַנצפֿרי
קײַן דײַטשלאַנד, אין דער שטאָט בערלין.
איז נעמט די בריוו און שיקט אַהין.

איבער שטעט און איבער פֿעלדער,
איבער טײַכן, איבער וועלדער
יאָגט זיך לויפֿער, פֿליט געשווינד,
און זײַן בריוו איז שוין אצינד
אין א וואַגאָן אין א פּאָטשטאָוון,
א וואַגאָן א טונקל־בלאָוון.
יאָגט דער באַן אין פֿעלד געשווינד,
לויפֿט אים נאָך אין פֿעלד א ווינט.
קען דער ווינט דעם באַן ניט כאַפּן,

דעמ דריטנ מארט,
האלב איינס באנאכט
איכ הער: מע קלאפט צו מיר אינ טיר.
ווער־זשע גייט באנאכט צו מיר?

סע איז דאָכ ער,
איכ ווייס שוינ ווער—
קלאפנ דארפ ער, קלאפנ מעג ער,
דאָס איז דאָכ דער בריוונטרעגער.




בריוו פונ אומעטומ קיינ קיִעוו,
בריוו פונ מאָסקווע, פונ טעטיִעוו,
לענינגראד אונ סטאלינגראד,
סאָבאָליוקע, טעטעריווקע,
בריוו פונ וואסילקאָוו, פונ אָרשע,

אונ פונ פאסטאָוו, אונ פונ ווארשע,—
טראָגט-צעטראָגט דער בריוונטרעגער
פונ גאנצפרי, פונ אכט אזייגער.
שטיי איכ אופעט אונ איכ טראכט:
וואָס־זשע גאָר אינמיטנ נאכט?

